# POLIFONIA

פאר ליכטיקייט
האב איך נאך פריילעכע
ליקעלעך-זיפן—
ס'איז ברייט
דער אריינגאנג,
ארויסגאנג
איז שמאל...
אין אויגיקע נעצן
פארהאלטן זיך זוניקע גאָלדן
און לופטיקער,
קלאָרער קרישטאל.
פארהאלטן—
געבליבן
אף שפיצן, אף פערעם
און זעצן זיך אפ דאָרט
אין ווינקעלעך ווייטע
אין הארציקער טיף...

דערוואַרעמט זיך דאָרטן
מיין זוניקער פּאַנג,
און ליכט ווערט געדיכטער
און שיין ווערט דאָרט פליסיק
און הויבט אָן צו קוועלן,
און ליכט גייט אַריבער,
אַריבער די מוילישע שוועלן...
און ס'טריפן די ליפּן
מיט גאָלדענע זילבן,
מיט זילבערנע ווערטער,
מיט זאַצן פון שטאָל...
און ס'ווערן פון ליכטיקייט
ווידער
געשליפן
לידער
פון לויטער
קרישטאָל.

## צווישן וואלגער-שטיינער.

אף ערדן אויפגעריירטע צווישן וואלגער-שטיינער,
אין בייזע אנפליען פון שניידיקן געוויטער —
וואָס בין איך, וואָס באַטייט איך, איינער,
וואָס טראָגט זיין לעבנס-ליכט מיט שטילן ציטער?

דער יאָם דערוואכט אין זודיקן גערודער,
עס שטייגן שטראָמען פון די אויפגערעגטע טיפן...
וואס איז ער איצט מיין אויסדערוויילטער רודער,
דער העכסטער זעגלבוים אף מיינע שיפן?

כ'בין גרייט, כ'בין יעדער רעגע גרייט פאַרטרויען
די ציטעריקע לעבנס-פלאַמען
דעם האַר פון כורבן און פון בויען,
דעם האַר פון ערדן און פון יאַמען...

* * *

אָט דער,
וואָס האָט פאַרנעפּלט זיך די אויגן,
די לעפלעך אין די אויערן פאַרבויגן
און שטייט
און מורמלט שטיל: „כ׳בין ניכטער״ —
אָט דער
איז היינט קיין ברודער מיר,
אָט דער איז היינט קיין דיכטער...

אין רויש פון שיכטן-רודער,
אין רייב פון פלאַכן,
באם ראנד
פון שטורעמדיקן יאם,
וואָס טרייבט אָן אויפהער
זיין ברויגעזדיקע טאינע, —
ווער קאָן מיט שפינוועב-נעצן דינע
באַנעמען קלאַנגען
אין ראַאש פון קראַכן?...

## צו דעם, וואָס גייט דאָ נעבן מיר!

דו זעסט מיין גאָכגעביקן שמייכל,
דו זעסט, ס'איז מיד
מיין העל געזיכט —
וואָס קאָנסטו זען? —
איך בין דיר מויכל...

איך וועל מיין שטיין
ניט ברעקלען מער אף קליינגעוויכט,
איך וועל אים טראָגן שטיל,
מיין שווערן שטיין,
אין טומל ליכטיקן פון קאָכעדיקער מיט...

און דו? —

דו זעסט, ס'איז מיד
מיין העל געזיכט,
דו זעסט מיין נאָכגעביקן שמייכל.

וואָס קאָנסטו זען? —
איך בין דיר מויכל...

## גרוסן קיין סיביר.

י. טעמקינען, מיין פריצייטיק אומגעקומענעם כאווער, פארשיקט אין סיביר, דערטרונקען אין אנגארא.

א

אַף שעטאַך, וואָס האָט אונז צעשיידט,
איז אַלץ שוין פאַרווייט —
מיין שליטן פון בענקשאפט איז גרייט...

אף ווייטן, אף שנייאיקן שווייגן
צעשטעקט זיינען גרינינקע צווייגן —
פאַר וועגן אַ יונגער באווייז.

איך צי היינט מיט לייב און מיט לעבן
דורך שנייען, דורך אייז־יאַמען זיבן
אין לענדער פון גליווער און אייז...

ב

דאָרט גליוּוערן פעלדישע הוילן,
דאָרט שפּילן היינט ווינטן אין קנוילן,
אין לאַכן- אין-וויינען —
איך וואַרט היינט אויף קיינעם...

דערציילן מיר פּראָסטיקע שויבן:
— צו וועגס זיך שוין טוליען די שנייאיקע שטויבן...
און ווינטן אָפּט שיקן מיר איינעם
אַ בלאָז טאָן, אַ פייף טאָן אין קוימען...

איך האָב עס באַ זיי ניט געבעטן,
איך בין היינט אַ פרעמדער אין פעלדישע מיטן —
ניט לאַכן, ניט וויינען,
ניט וואַרטן אַף קיינעם...

די קאַלטע אַנגאָראַ,
דער לענאָס אַ מיטעלע טאָכטער,
האָט שטום זיך פאַרוויקלט
אין כוואַלישע פאַלדן
און לאַנג זיך געפּירט אין די פּליסיקע שטאָלענע לענגען...
מיין לייד איז פון מיר שוין אַנטלאָפן,
זיך ערגעץ באַהאַלטן
און טיף זיך פאַרהילט אין די טוכן פון בענקען...
נאָר קומט אָן אַ ווינט פון דעם אייזיקן צאָפן, —
צוויי אויגן באַטריבטע, מיט צאַאַר פאַרלאָפן
זיך עפענען ווידער,
און אונטער די פענסטער אין שטומע פאַרנאַכטן,
אַלץ וואַרטן און וואַרטן
פאַרגליווערטע הוילן
און ציען אַהין מיך, וואו אייערעליידן,
ווי וואַסערן, פליסן
פון שנייאיקע הויכן אין אייזיקן נידער...

## אַ הויז.

דער ערשטער שטאָק
מיט בריטן גלאַנץ פון שפיגלענע וויטרינעס,
מיט רו פון כפייצעמלעך, באַנוגנטע און דינע,
מיך רופט און נאַרט צו זיך.
איך שטיי, איך קוק, איך זוך,
און אָט... פאַרגעסט זיך גאָר דאס גאנצע שטיין אן זינען—
אַ שווער פאַרגאַרטלטער קארניז
מיין אויג פאַרפירט אַלץ העכער, העכער,
וואו נאָך אַ מענטשן-בליק דאָרט גאַרן דעכער
פון ריזן-שכיינעם...

נאָר איך
דורך נעזער שטויביקע
פון מיינע שיך
מיט גאַנצן וועזן
שפיר נאָך דעם שטאָק, דעם אונטערשטן—

דאָרט פון אַ ווינקל האָט זיך קוים באַוויזן
אַ הויך פאַרשאַרטע ברעם פון זיין פאַרגלאָזטן אויג,
עס לעכצט—דאָס אויג—נאָך שיין א קאפל,
און פיס און קליידער רוישיקע אלץ האַלטן אין איין שאַרן
אין ברייט צעעפנטן שוואַרצאַפל
דעם שטויב פון טראָטואַרן...
דאָס אויג, עס פינטלט ניט,
און זיינע רויטע ווייסלען
מיך נעמען דורך מיט שרעק,
איך שפיר:
אַ קאָפּ, אַן אקסל אַ צונויפגעדרייטער
אָט געבן זיך אַ ריר...
און בלאָווע ליפן שעפטשען טיף אין מיר אַריין
דעם גורל פון מיין זיין—
און איך און הויז — און מער דאָ קיינער —
אָט קראַכן ווענט, אָט וואַלגערן זיך שטיינער!...

* * *

אין אָט דעם גרויסן, גרויען לאַנד,
וואָס שווענקט די פּיס,
די ברודיקע,
אין שוואַרצן יאם
און טריקנט זיי
באַם שיין פון אַלטן שניי,
אַף בערג, שוין הויך באַזונגענע
אין יעדן ווינקעלע פון קיילעכדיקער ערד –
אין אָט דעם גרויסן, גרויען לאַנד
ווער פירט מיך דאָ,
ווער האַלט מיך פאַר אַ האַנט ?...

* * *

דורך שוימענדיקע רוקנס
פון כוואליעס דיינע,
ברויזנדיקע מענטשן-וועלט,—
דיין יעדן שטויס דערפילן;
מיט טיף פון האַרץ פאַרבלענדט,
מיט צוגעמאַכטן בליק,
צו הימל-ווייט געווענדטן,
דורך אָטעם-הויך
פון איילנדיקע מענגען,
דורך וואָלקן-רויך—
א צי טאָן זיך אין שטאָלצן גליענדיקן בענקען
צו קאַלטן וואוילגעקלאַנג פון וועלטן-ספערן—
קיין גרעסער גליק
קאָן קיינעם דאָ געהערן!

* *
*

ווי שאַרף פון שווערד,
פארוואַרפט איר רוף
די שטומע ערד,
און קריצט מיט פאָספאָר-שיין
די וואָלקן-בלייען...
א הייסער שלאַקסרעגן אף לענדער גייט
און שיט מיט פעך און שוועבל,
און רינגשטאָקן פון וועלט
מיט פולע העלזער שפייען
מיט בלוט, מיט גאַל, מיט וויין;
און יעדער שטיין און יעדער שייט
שוין שוועבט אין דולן שוים...
און וואָס מיר איצטער
וואונק פון צייט,
און שווינד פון רוים,
און שטערנשיט אין פוסטע קעלטן?..
א פייערדיקער שלאַקסרעגן אף לענדער גייט,
אף אלע מיינע וועלטן!

## אָקטאָבער.

אָקטאָבער!
א אָנהויב, א „אָ",
אַ ברעג פון אומענדלעכן רונד,
א זוים פון אַ זונראָד—
און אויסיעס אלע
פון האַנט פון דער גרויסער
און גראָבער:
„אָקטאָבער".

עס ווילן
כאדאָשים זיך צוועלפן,
זיך קייטלען אין יאָרן, —
דיין נאָמען וועט העלן,
דיין נאָמען וועט קלאָרן!

וואו איז ער, דער גאָרנישט,
וואָס ווייסט ניט דיין נאָמען?

וואו איז ער, דער בלינדער,
וואָס וואַגט נאָך אצינדער
מיט לייקעניש וואָרנען?

און פיינט?

און פיינט אַזוינע,
מיט אַלטע קרוינען
אף קיילעכיקע קעפּ, געקעכלטע פון דוירעס,
מיט הוסטן גאָלדענע
פון מילדע ברוסטן,
מיט הערשערישע וואונקען,
מיט איידלע הענט אין ווייכע הענטשן,
וואָס האלטן צאַרט
(מיט אויפגעשטעלטן קליינעם פינגער)
די דראָטן,
וואָס שיקן פונקען
אף אויפרייסן פון וועלטן!..

אַזויפיל פיינט!

געבענטשט איז דער, וואָס קאָן עס זיך פאַרגינען
אַזוי פיל פיינט,
און פיינט אַזוינע
ערלעך־שוידערלעך פאַרדינען.

עס וועלן כאדאָשים זיך צוועלפן,
זיך קייטלען אין יאָרן —
און אלע זיי וועלן זיך קערוועץ פאַרוואונדערט
אף דיר,
אף אָקטאָבער
פון זיבצעטן יאָר
פון צוואַנציקסטן פייערגעשמידטן יאָרהונדערט!

וואו זיינט איר, כאדאָשעמלעך דריבנע,
מיט פאַלשגאָלד באַצירטע,

וואָס האָבן מיט כוצפּע אָט דאָ געשפּאַצירט
איבער לאַנד איבער גרויסן און גרויען?
איילט גיכער פאַרשווינדן!
וואָס קוקט איר פון שפּעלטלעך אַרויסעט,
וואָס באָמקעט אייך אונטער
פון קלויסטערשע גלעקלעך?
וואָס דירט זיך דאָרט ווערמיש אין שטויבן,
אין שטויבן אף פּאַלשינקע צעטלעך,
וואס קנעכטישע רומער אף שטערנס גענויגטע
דאָ האָבן צעטראָגן?

אָקטאָבער!

אנצאָליקע סטויפּעס,
צעשטעלטע
אין לאנד אין דעם גרויסן און גרויען
אף שיידונגען יונגע
פון זיינע אומענדלעכע וועגן —
זיי לויפן,
זיי בויגן די קעפּ אָן,
זיי קניען,
זיי בעטן:
אַ זכיע צו האָבן
א שפּענדל צו ווערן

פון וועלטישן מאַסטשטאַבּ,
וואָס וועט אף דער שיידונג פון טקופעס
דערהויבן דיין אויפשריפט
און וועט זיי, די טקופעס,
דורך וואָלקנס באַווייזן:

„אָקטאָבער“.

א אָנהויב, א „אָ“,
א ברעגן פון אומענדלעכן רונד,
א זוים פון א זונראָד—
און אויסיעס אלע
פון האַנט פון דער גרויסער
און גראָבער:

אקטאָבער!

## פּראָצעסיע.

מיר גייען
אין דיינע פאַרנטיקע רייען,
שפּאַנענדיקע מענטשהייט,
מיט שטאַלצע, דרייסטע, זודיקע און קאַלטע —
טראָט נאָך טראָט!

אף שאַנדן-שטאַנגען וואַקלט זיך און וואַקלט
דער אַלטער גאָט!

מיט לופט געלאַטעט, פּלאַטערט אַלץ און פּלאַטערט
די אַלטע רויטע פאָן —

צוריק קיין טראָט!

און שטעקלעך וועקנדיקע שיטן שרויט אף שטייפן פייקל,
און טאַצן דזשימזשען—שלייפן שאַרפס אין שוועבנדיקער לופט,
אין הויך פאַרוואַרפט זיין רוף
דער שיינענדער טרומייט...

היינט בין איך אויך א שטיקל קלינגענדיקער קופּער—
איך היפּער
שטילע סאַמעטענע ערטער,
איך וועק די מידע,
כ׳באַדעק דעם זיפֿץ פֿון אָפּגעשוואַכטע
מיט הילכיקן געלעכטער—

צוריק קיין טראָט!

## ג ע וו י ס ן.

געוויסן!
איך ווייס,
מע זאָגט,
דו ביסט
א הונט —
א הונט,
וואָס האָט פון קייט זיך אָפּגעריסן.

כ'בין שטענדיק גרייט
מיין בליק א באָד צו טאָן
אין שוועבנדיקן ברען
פון דיינע גרינע אויגן-רונדן.
כ'בין גרייט צו זען,
ווי ביסט צעבייזט
פון לאַנגן רינגען-קלאַנג,
צערייצט
פון טויזנטער אַנטקעגנס,
וואָס רייסן זיך
אין ברייטן שלונג
פון רעכטס,

פון לינקס...

איך האָב דיך ליב, געווייסן!

שוין צופיל זיכער,
צופיל קנעכטיש און צופרידן
איז דער טראַט
פון אויסגערעכנטן און ארנטלעכן גאַנג.
און קיינמאָל שאַדט ניט
פאר די קנעכל
א כאַפּ טאָן אים
מיט פּלוצעמדיקע שאַרפע ציין

און, ווי א הונט,
װאָס האָט פון קייט זיך אָפּגעריסן,
אף זיינע טויזנט „יאָ"ען
א ברום טאָן איינמאָל און פאַרביסן:

— „ניין"!

* * *

אַף שטילער פרילינגדיקער הויל פון ווילדע ווייטן
אַלץ טריפט און טריפט מיין אלט פארציטערט בלוט,
צום שווארצן האַרצן טוליען נעכט
דעם וויי פון טעג פארשוועכטע...

נאָר פלאקערן צעשפּאַלטן ווייכע נעפּל-שויסן
און גליען אויס אין פייערדיקן דויער
אַלץ נייע צייכנס
פאַר ווייטערדיקן דראנג פון לאקערדיקן צאָרן!

בא רויטע טויערן פון לויטערע פרימאָרגנס
זיך שטעלט אַף וואך
דער שאל פון יאָגנדיקן האָרן...

און גריוועס זיינען גרייט צום ערשטן שווינד,
און טלאָען אייזערנע קוים ווארטן
אַף ערשטער בייט פון שוועבנדיקע ווייטן,
אַף שטויס פון נייע שלאַכטן...

מיט הארצן-ציטער הער איך זיי,
די טויזנט-אָטעמדיקע פרייד-געשרייען,
מיט גליווער-לייד דערשפיר איך זיי,
די שטומע צאַפּלדיקע ווייען...

און ווען די נאַכט
איז גרייט דעם זינקענדיקן טאָג
אין שטומער שויס פאַרהילן,
צו ווייטן ציט מיין גליענדן געמיט...

מיט שטריק פון ווילנס טויזנטער געבונדן,
נאָך רעדער מידע, שיקערע פון שלאַכט,
געפאַנגען שפּאַן איך צווישן פעלדער ברייטע.

איך בין מיט זיי, מיט שטענדיק גרייטע
צו נייעם שאל פון מונטערדיקן האָרן,
צו נייעם פלאַם פון לייטערדיקן צאָרן!..

* * *

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס בלוטיקן און בלוטיקן
און ברעכן שוין, ווי אָטשערעט,
די בינטלעך אַלטע שווערדן;

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס הויבן זיך מיט שטאָלץ-געבעט,
מיט רוף מיט מוטיקן
צו נייע פרייע ערדן;

מיט נייעם האַמער-שטאָל
מיט נייעם אַקער-אייזן—
וואָס קאָנען הענט אַזוינע ניט באַווייזן?

* * *

ניט גראָז פֿון וויסטעניש, אָ, ניין,
נאָר שטראַלן פֿון באַגינען
צעשפּראָצן זיך פֿון יעדן שטיין
אױף דיינע ליכטיקע רואינען!

אָ, מאָסקווע-שטאָט!
דער שענסטער טרוים
פֿון אַלטע בלינד-פֿאַרליבטע זין פֿון דיינע
איצט ווערט באַוואָרט!
אָ, מאָסקווע-שטאָט, אָ, דריטער רוים!
די אינגסטע שפּיל פֿון מינדסטן אינגל דיינעם
מיט גרייזן גרוי פֿון אַלטע לוכעס מיינע
איצט ווערט באַיאָרט!

דער ערד,
וואָס האָט מיין טראָט מיט דרייסט באַשווערט,
דער ערד, וואָס דו, א האַרץ, פֿאַר איר זיך קלאַפּסט,
דער ברייטער ערד;

פון יאַם צו יאַם:
פון ווייסן שטורעם-ראַנד,
וואו ס׳ליגט אין אלטער קלארהייט
די הויב די זילבערנע פון בארג אראַראַט,
ביז ווייסן גליוועד-יאַם,
וואו ס׳שוועבן אייז-פעלדער אין קאַלטן שלאָף,
אין גלאַנץ פון צאָפן-שיין —
דער ערד
מיין נייע פרייד,
מיין נייע פיין!

איר ווייכע בלאַט
האָט איינגעזאַפּט
מיין זאַט
פון בלוט,
און האָט אין טעג
פון גרויסן שנים
מיט מוט
אים אומגעקערט,
און האָט מיין טראָט באַשווערט
אף נייעם זיין —
דער ערד
מיין פרייד,
מיין פיין!

* * *

די װענט נאָך באַפלאָכטן מיט קלעטער־געשטעלן,
מיט מיסטן מיט אַלטע
פאַרװאַלגערט די שװעלן,
און ס׳הילכט נאָך די פוסטקייט
פון אונטן ביז אויבן —
נאָר כ׳זע אייך שוין, װעלטן באַנייטע,
מיט אויגן פון ליכטיקן גלויבן!..

איך זע אייך שוין, װעלטן באַנייטע!

אף װייטן
נאָך קנוילן זיך רויכיקע שטויבן,
דאָרט רייסן זיך שטיינער,
דאָרט ברענט זיך נאָך קאַלעך!..

מיט אויגן פון ליבע פון ריינער
איך זע אייך שוין, װעלטן באַנייטע,
דורך רויכיקן מהאַלעך!

## פרעגסט מיך, שטילער ברודער!

פרעגסט מיך, שטילער ברודער,
ווער האט צאָלן
פאַר די טאָלן ביינער,
פאַר די טייכן בלוט?

הער-זשע, ברודער!

אייביק, אייביק
שטרייטן וואָרצלען
אונטער דר'ערד,
אייביק, אייביק
פאָכן מענטשן
מיט דער שווערד...

אייביק, אייביק!
נאָר ס'האָט קיינמאָל
אַזוי גלויביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט!
ס'האָט נאָך קיינמאָל
אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן-ראַנד...

* * *

...און אַלץ הייסט גיין!
יעדער טאָג זיך וואַלגערן,
צעשפּרייטן זיך אויף שוועל
אויף אייגענער
און שפּאַנען איבער זיך אליין!
אליין זיך הייבן פאַר די האָר
און וואַרפן זיך און שליידערן
אין ווייט פון יאָר!

און בליקן דאַרשטיקע,
וואָס בלוטיקן מיט טרערן,
פון שטענדיק זײַנען דאָ געוועוענדעט
צו געטער גרויזאַמע
פון ברעכן און צעשטערן...

און יעדער אויף דער ערד
דאָ גייט
דעם הייסטן טאַנץ פון העכסטער פרייד
אויף שאַרף פון שווערד!

* * *

אָ, פרוי!
אָ, לאָקנדיקער וואונדער
אין עטער פון דער וועלט!
די טמימעסדיקע ויידעס אונז דערציילן,
אז דו, די ערשטע, האָסט געגאָסן
פון זיסן בוים פון וויסן!
אָ, פרוי!
אָ, צערטלעכסטער געמיש
פון בלוט און מילך
דאָ אונטער זון און שטערן!
די ווייטע ויידעס אונז דערציילן,
אז דו, די ערשטע, האָסט געוואָרפן
פון שטרייט דעם שווערן עפל
אף טיש
פון צייטן און פון דורעס!
אָ, מוטער, שוועסטער, פרוי!
ווער נאָך דאָ ווייסט,
וואָס הייסט
אין גלי, אין בלוט, אין ווי
אַלץ בויען און באַנייען?

שטיי אויף,
באַפּריי דיין שטאָלץ געזיכט
פון דער פילי־אָרנדיקער קנעכטשאַפט,
באַווייז אין נייער ליכט
דיין אַלערליבלעכסטע,
דיין אַלערשענסטע הערשאַפט!
אָט דאָרט,
וואו ס׳קלינגען שווערדן
פאַר מענטשן־רעכט,
פאַר עכטער מענטשן־ווערדע,
פאַר נייעם זיין —
דאָס ערשטע אָרט
איז דיינס!

* * *

(באלאדיש)

אָט דאָס איז ער—לענין!
און טראָצקי?—דערקען אים!
פון מענגעס אַ גרוס אייך, אייך ביירן!
עס לייכטן געזיכטער
פון שיקערן ניכטער
בא ביידע.

אף מייליקע טישן,
באַ מאָלצייטן פרישע
פון וועלטישער סודע פון גרויסער
פאר צאָרניקע קריגערס
שוימט בלוטיק און זיגעריש
א קויסע.

און שלוכים—זיי וואכן
אף זיבעציק שפּראַכן
אַ פורפורנעם וואונק צו דערהערן—
אַף ווייטן, אַף ברייטן
אים טראָגן, אים שפּרייטן
און מערן.

און שלוכים—זיי קומען
זיי שפּאַנען, זיי שווימען
פון פלאַכן, פון בערג און פון נידער,
און גרייטע צו הערן,
צו לערנען די לערע
פון מרידע...

ווי הונגער צו וואויגן,
ווי יאָכן צו בויגן,
אף קני פון צאָרן צעברעכן,
ווי שפּעטן מיט ווערדע
פון הערשער, פון מערדער
פון פרעכע...

ווי שפּעטן, ווי לאַכן
אין בלוטן, אין שלאַכטן,
באַרינגלט מיט טשאַטעס פון נויטן...
ווי טרויער פון שטאַרבן
באַדעקן מיט פאַרבן
מיט רויטע.

ווי זינגען, ווי הילכן
פון בלוטן, פון מילכן,
פון יוגנט, פון ערשטלינג-געוועבן.
אין אנגסט פון געפעכטן,
ווי לידער צו פלעכטן
פון לעבן.

אָט דאָס איז ער לענין!
און טראָצקי?—דערקען אים!
פון מענגעס אַ גרוס אייך, אייך ביידן!
עס לייכטן געזיכטער
פון שיקערן ניכטער
באַ ביידע...

1920

* *
*

דערמאנט זיך נאָר,
איר, יענע,
וועלכע שטייען
באַ רויט-געפארבטע טויערן
און וואַכן
אם ריין, בא טעמזע און בא סענע!
דערמאָנט זיך נאָר:
געווען אַמאָל אַ צייט
(ווי לאַנג, ווי ווייט שוין, צום באדויערן!),
ווען הויכן שטאָלץ פאַרמאָגט האָט אייער שטעל,
געקאָנט מיט וועלט נאָך הייס און מוטיק רעדן,
און יעדערער
פון אייגענער פון שמאָלער שוועל.
און ווער קאן זאגן,
אַז ווינט,
אַז וויכער
איז נאָר פאַר זאַמד
אין מידבער,
פאַר כוואַליעס
אין אָקיאַנוס,

און ניט
פאר מענטשלעכן
באַוועגלעכן געוויקס?
און ווען
מע רעדט
פון לויפן,
פון טראָגן, —
ווער קאָן אַ פראַגע שטעלן
פון עלטער.
דערמאָנט זיך נאָר, איר נאָענטע און ווייטע!
ס'האָט יעדערער פון אייך געטייטלט:
„אָט דאָ איז זי — די מיט"...
ווייסט איר דען, אוואו איז ער,
דער אויצער ווינט?
וואו דארף ער זיין,
דער ערשטער שניט,
דער ערשטער בראָך
אין טויער?...
איר, בירגער פון דער וועלט!
געדענקט:
די ערד איז קיילעכדיק;
און יעדער פינטעלע אף איר
קאָן זיין א מיט,
קאָן זיין אַ טיר,
קאָן זיין אַ הויכער טויער!

און וואָס איז איצט געשען?
ניט דאָרט,
בא אייך —
איז דאָ,
אָט דאָ,
בא שמאָלן מאָסקווע-טייך
געשלאָגן האָט די שאָ!...

אָט דאָ איז איצט
די מיט,
אָט דאָ געדונערט האָט,
געבליצט,
אָט דאָ האָט זיך צעפּראַלט
דער אויצער ווינט
און ווייעט,
און יאָגט,
און טראָגט,
און שווינדט
אין אלע שפּאַלטן
פון דער אַלטער וועלט.

איז וואָס?
פאר אָרט,
פאַר ייכעס
זיך אָפּזאָגן
פון זיך אַליין?

דערמאָנט זיך נאָר,
איר יענע,
וועלכע שטייען
באַ רויט-געפארבטע טויערן
און וואַכן
אַם ריין, באַ טעמזע און באַ סענע!
דערמאנט זיך נאָר:
געווען אַמאָל אַ צייט.
ווי לאַנג, ווי וויַט שוין, צום באַדויערן!

* * *

Ленин, как национальный герой.
*Л. Троцкий.*

20/IV 1920.

(פראַגמענט)

שוין פופציק יאָר...
נאָך וויפל שטייט מיר פאָר
ביז פופציק יאָר...
נאָר וואָס איז דען די צייט?
צום באַרג, צום שפּיץ געקומען איז ער פריער...
פאָר איינעם איז אַ פּלאַץ אף בערג-שפּיצן פאַראַנען,
פאַר איינעם, פאָר דעם ערשטן, פאַר דעם, וואָס קומט אָן פריער...
וואס זיינען יאָרן לאַנגע
פון איינזאַמען און פיבערדיקן זוכן,
פון שטייג-וועגן פאַרבאָרגענע אין אַלע עקן וועלט,
פון הויכע טורעמס און פון שטאָלצע הויכן?
וואָס זיינען זיי
אנטקעגן אָט דעם קיילעכיקן באַרג,
אין מיט פון פלאַכן ברייטע אָן אַן אָנהויב, אָן אַ סאָף?..
איך זע אים, אָט דעם קיילעכיקן פלאַכן באַרג...
אפן פלאַכסטן אָרט דער באַרג-שפּיץ ליגט,

א באַרג, וואָס איז א ערד די הויך,
א באַרג־שפּיץ, וואָס איז אַזוי צעפּלאָסן,
אזוי צו אַלע ערטער גלייך און דאָך אַזוי באַשטימט,
א באַרג־שפּיץ, וואס איז אַזוי געררוים—און האָט נאָר אָרט
פאַר איינעם.

פאַר אים, פאַר זיינע קורצע טריט,
פאַר זיין, אין איילעניש צעשטעלטן, שפּאַן —
און מער קיין אייל, קיין פינגער ניט...
פאַר איינעם איז אַ פּלאַץ אױף באַרג־שפּיצן פאַראַנען.
איך ווענד מיין בליק צוריק, —
איך זע אים ווידער אָט דעם מאַן פון הויכן גליק,
וואס האט באַהערשט דעם רעטעניש־פולן „פריער“;
איך זע אים, —
שטענדיק איז ער, אָט דער מאַן,
מיט זיי מיט אַלע, אַלע;
נאָר פריער מיט אָט די
פון לענע און נעווא, פון וואָלגע און פון דאָן
און פריער מיט אָט די — און אָט דער „פריער“
אים וואַרעמט אומעטום און שיינט אין זיין געמיט
אין קעלערס בא קארפאטן, אין בערג־וועג באַ מאָנבלאַן.
איך זע, ווי ס'האבן פינקלדיק געשמייכלט
פאַרשפּיצטע בליקן
צו אַלע דאָ אַרום, צו טרייע און פאַרקניפּטע,
צו מיר אַליין.
צו אַלע, אַלע,
צו אויגן קאָסע, בוימלענע, איילבירטענע,
(פון פעטע עקן ערד,
פון קאַנטן פלאַמיקע
פון טאָלן און פון בערג)
צו אויגן קינדערשע באַשפּריינקלטע מיט אַלטער פרייד און
טרויער,—

צו אַלע זיך געווענדט,
און ס׳האָבן פינקלדיק געשמייכלט די פאַרשפּיצטע בליקן,
צו אַלע שטעכנדיק געברענט.
און פעסט געהאַלטן האָט ער זיי אין קיילעכדיקן שאַרבן.
אפריער פאַר אָט די, פאַר אָט די
פון לענע און פון דאָן, פון וואָלגע און נעווא—
איך זע דאָס אַלץ אַצינד...
אָט האָב איך שוין דעם לעצטן קריץ געענדיקט,
וואָס בענקען און וואָס בלאָנדזשען מיינע בליקן?
און ווייטאָקדיק זיך ציען מיינע הענט?..
און וואָלט איך פליגל פון אַ שטורעם־פויגל האָבן...
יאָ, יאָ, איך פיל:
דעם „פריער״,
זיין פריער ווייס איך ניט.
איך ווייס עס ניט דאָס שטיקל איקער,
און אָט אזוי איז דאָס געווען שטענדיק, שטענדיק...
און וואָלט איך פליגל פון א שטורעם־פויגל האָבן...
כ׳בין דיינער דאָך, דו גרויסע וועלט!
איך גיב זיך אָפּ אָן רעכענען, אָן ציילן;
נאָר זי, די וועלט, זי דאַרף נאָר ביסלעכווייז
און דאַן און דאָרט, וואו איר געפעלט!..

## שנייען.

געדיכטער! געדיכטער פאַלט, שנייען,
איילט גיכער פאַרדעקן
די פלעקן
פון בלוטיקע ווייען
מיט דעקן פון טויט...

איילט, שנייען, אַלצדינג צו פאַרגלייכן,
איילט אַלץ צו פאַרבייטן:
די בלייערנע ווייטן,
די וויסטיקע שליאַכן,
פאַרכוישעכט פון קויט...
און איידער דער מענטש וועט דערוועגן
זיך דורכשניידן וועגן
אין לויטערן שויס—
פאַרבלענדט אים מיט לויטערער ריינקייט,

פֿאַרבלענדט אים מיט אייביקער שיינקייט
און לויטערט אים אויס...

געדיכטער!
געדיכטער פֿאַלט, שנייען,
פֿאַרדעקט אים, דעם ערדישן קויט...
אף קאלטע אף שנייאיקע דעקן
צו הייס זיינען מענטשלעכע ווייען,
צו רויט זיינען בלוטיקע פלעקן,
צו רויט!

* * *

איך ווייס ניט צי איז מיין לייד
אַף וואָגשאָלן פון וועלטן.
אשר שוואַרצמאַן.

געפאַלן אין וואוילטאָג פון וועלט
מיין ליד—מיין שטיין מיין שווערער,
רייפן פון ווי קוועלן
רייפן פון ווי זיך מערן...

אין יאַמען פון קנעכטישן גרוי—
רינגען פון קייט פון מיינער—
איז אַרויף, ווי בלוטיקער טוי,
א רוט פון קלאַמערנדע שיינען...

כ׳בין אַרויס מיט האַלז-שנור פון טרויער
אף ווייסע רוסישע פעלדער,
דער וועלט פאַרוימט אין אויער:
— וואו קאָן מען זיין עלנדער?..

און ביז הימלס שטערן-רויגן
פון צעזייטע און שטומע געוויינען
איז אַרויף אין רעגנבויגן
א בויערנדער רוף: „אינייגעם!״

* * *

באָם רויש פון א יאַם
שווער איז צו הערן
דאָס קלאַפּן
פון אייגענעם האַרץ...

פאַרגעסן זאָל ווערן
מיין רעכטע האַנט,
אויב כ'האָב דורך מיין לינקער געהערט
דאָס קלאַפּן
פון אייגענעם האַרצן,
ווען אַלץ איז געווען אין פלאַם,
ווען אַלץ איז אין פלאַם,
און אין שוואַרצן...

און האָט מיך מיין גורל
געבראַכט אין זיין לאַנד,
הויבּ איך אָן מוירע
מיין רעכטע האַנט
אָנטקעגן דעם טאָג

איך זאָג:
פֿאַרגעסן זאָל ווערן
מיין רעכטע האַנט,
אויב כ׳וועל עס דערהערן
דאָס קלאַפּן
פֿון אייגענעם האַרצן,
ווען אינגאַנצן דאָס לאַנד
איז אינגאַנצן אין פֿלאַם,
איז אינגאַנצן אין שוואַרצן...

ד. בערגעלסאָנען.

אין לאַנד — אָן דאַך אף האַלב —
מיין האַרץ — אַ צאַרטע שוואַלב,
אין שאַרפן שנאָבל — ליים,
אין בליק — אַ פראַגע: היים?

פון פריינדינס דאָרט אַ שנור,
פון פריינדינס דאָרט אַ רינג
אין יאַם אין בלויען זינקט
און ווינקט, און ווינקט צו מיר...

און דאָרט באַם אַלטן שטיין,
באַוואַשן מיט געוויין —
דער וועכטער אַף דער וואַך
באַ וואַנט, וואָס אָן א דאַך...

אין לאַנד — אָן דאַך אַף האַלב —
מיין האַרץ — אַ צאַרטע שוואַלב,
אין פרייד אַף ווײ געזאַלבט.

*
*  *

Elli Britschgi-Basch gewidmet.

אין מאָסקווער סקווערן,
ווי אומעטום,
בלינדע זינגען,
זעענדיקע הערן —
ווי אומעטום,
און ווי אין ערגעץ ניט ...

אין מאָסקווער סקווערן,
אַף הוילער ערד,
פאַרשפּרייט מיט ברייטע טעפּיכער פון האַרציקער האַכנאָע,
קלאַפּט זיך שטיל און ווייך
דער מענטשלעכער דער שטאָלצער שטערן
אין גראָווע
מאָסקווער סקווערן.

זעענדיקע
מאַכן צו ביז האַלב
אַף ווייטן אויסגעשאַרפטע בליקן;
בלינדע זיינען בלינד,

נאָר מאָנען טיף פון שטיל פאַרבענקטן שטערן
באַ דורכגייער
באַ זעענדיקן גאַנג. —
אין מאָסקווער סקווערן
אין אָוונטיקער שפּיל,
ווי קוים באַטרויבטע ברוסטן,
שיינען העל
עלעקטרישע לאַמטערנס...
און קינדערש לייב
און ציטערדיקער פּיין
זיך שטעלט
באַ שויב פון אויג,
באַ שוועל פון האַרץ,
און ס׳וואַקסט, און ס׳וואַקסט
א מאָנענדיק געזאַנג
אין מאָסקווער סקווערן,
ווי אומעטום
און ווי אין ערגעץ ניט...

* * *

Сергею Есенину.

אַמאָל, אַמאָל אין שטילע טאָלן שעפסן כ׳האָב געפּאַשעט,
אַף די גרינע הויכן דאָרט געבלאָנדזשעט האָבן אינדן,
אַרום, אַרום דער מידבער האָט געשפּרייט די העלע אַשן
פאַר ברענענדיקע ווירבלענדיקע ווינטן...

נאָר שעפסן שטילע מיט געפּאָלג פון זיסן פייפל,
נאָר אינדן צאַרטע, וואָס דעם ציטער דאָ פאַרהיטן,
נאָר העלע אַשן, וואָס דעם וויסטן גלאַנץ דאָ שלייפן
פאַר ווינטישער אָנגרענעצדיקער שליטע.

איצט האָב איך זיי — אַף סטעפּעס דיינע דאָרפישע טאַבונען,
ווידער שטייגן יונגע מאַכנעס, שטאָלצע הונגען,
מיט קאָפּ שוין קלאַפּן זיך אין טויערן פון נייע רוימען —
און ווידער, ווידער רופט מען מיך מיט לייב-ציטער זיי צוימען...

1921

* * *

טויט זיינען שטערן,
טויט זיינען ערדן,
טויט זיינען וועלטן,
וואָס האָבן קיין לופט ניט,
קיין וואָלקן,
קיין נעפּל,
קיין טוי.
טויט זיינען לעבנס,
טויט זיינען שטרעבנס,
וואָס האָבן
קיין רוף ניט,
קיין טרוים.
באָדן!
באָדן—אַף אַקער,
אַף גראָבן,
אַף בוי!
נאָר שטאַרק איז אַף באָדן
אָט דער,
וואָס אַף ערדן
מיט באַרוף איז באַלאָדן,
מיט טרוים...

* * *

דינסטו ווייטן —
איז דער וועג דיין היים :
וועג אף וועג פֿאַרבייטן—
היים אף היים.

דינסטו צייטן—
אייל ניט מיטן לוין,
אייל נאָר ניט פֿאַרבייטן
אף אַ קראַנץ די קרוין.

* * *

עס שיילט זיך די וואונד פון מיין אומרו
און ווערט שוין געהיילט,
מיט פינסטערע וואַרעמע שטומרייד
אליין זיך מיין האַרץ שוין דערציילט:

איר זעט דאָרט, איר אלע, איר ווייכע, איר הארבע,
ווי ברייט דאָ מיין ברוסט איז צעפּראלט,
אז טרערן, ווי אַרבעס,
אין פינסטערניש פאלן און פאַלן...

אז יעדן פון מיינע באַגלייטער,
אף שווערן, אף ערדישן וועג
מיט נעצן פון ליבע און ברייטקייט
פאַרצי איך אף ווייטערע טעג.

# ל י ב ע.

ליבע!
גיי זעלטן אַרויס פון מיין הויז...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

(...איך ווייס: זי קערט קיין וועלטן ניט איבער,
נאָר... בויעט נייע אויס...)

* * *

מאַליקן געשענקט

עס וועט צו אַלעמען דערגיין
די ליבע פון מיין האַרצן —
א בלי פון בלוט, וואָס שיקט מיין פאָלק.

עס וועלן אלע דאָ פאַרשטיין
די מיינען פון מיין האַרצן—
אַ וואונק אַ שטילער פון מיין פאָלק.

אין אלע מיינען נאָר איין מיין—
די ליבע פון מיין האַרצן.
זי וועט צו אלעמען דערגיין,
עס וועלן אלע דאָ פאַרשטיין
דעם בלי פון בלוט, וואס שיקט מיין פאָלק—
די ליבע פון מיין הארצן...

* * *

מילנערן.

קומט אהער,
קומט צו מיר,
קומט אהערצו,
איר, ברעקעלעך רו,
איר, טראָפּנדלעך פרייד,
וואָס זיינען פארקניטן
אין טייג פון געמיט,
וואָס זיינען באַהאַלטן
אין טונקעלע הערצער —
קומט אַהער,
קומט צו מיר,
קומט אַהערצו
אין זויבערע ווערטער.

* * *

איר, טראָפּנדלעך פרייד
איר, ברעקעלעך רו!
קומט צו מיר,
קומט צו גיין

אַף דעם פּליין
פון מיין הויכן געמיט!
קומט צו מיר,
קומט צו גיין
צו דער ליכט,
וואָס אין זיכערקייט ברענט
אין געוויטער פון האַרץ,
אין דער מיט
פון דעם פּליין
פון מיין הויכן געמיט.

* * *

איר, ברעקלעך רו,
קומט צו מיר,
קומט צוגיין
פון קינדערשן כיין,
פון קלאָרקייט פון גרייז,

קומט צוגיין, שטעלט זיך אויס אין אַ קרייז
אַרום ליכט פון מיין האַרץ,
וואָס אין זיכערקייט שיינט,
וואָס אין זיכערקייט קוועלט
אין אַשן פון כאָרעווער וועלט,
אין שטויבן פון מענטשלעכן זיין.

* *
*

בלאָער, בלאָער... שטערן העלער
דאָרט, וואו ס׳רופט זיך הימל—
ברידער, מיטלייט, פריינט, געזעלן,
הערט מיין שטילן הימן.

כ׳קאָן נאָך בענטשן, כ׳האָב נאָך לידער
טיף אין האַרץ באהאלטן, —
פריד צו אייך, איר הענט, איר מידע,
הענט מיט מי געזאלבטע.

קריגן פרייהייט, נויט באַזינגען—
שיינע שווערע צילן,—
איך מיין פרייהייט קאָן דערשפינען
אויך אין שטילער טפילע.

קאָנט אויך, מיטלייט, קאָנט אויך, ברידער,
מיר מיין ליד פאַרגינען—
פריד אייך, פריד אייך, גלידער מידע,
פריד אייך ביז באַגינען...

* * *

היינט בין איך מיד פון אלץ-וויסן,
מיד בין איך היינט פון אלץ-וועלן,
איך וויל היינט געניסן
פון העלן
פון שטילן,
פון זיסן ניט-וויסן—
ווי וואסער, מיר ווילט זיך היינט פליסן
און קוועלן, און קוועלן...

* * *

גרינע גראָזן,
נאָמענלאָזע פֿרײַנט,
זײַט הײַנט אַלע
אַלערערשטע,
נײַ באַגערטע
פֿרײַנטלעך פֿרעמדע
זײַט מיר הײַנט.

## דער לייטער.

...און הימלען אלץ טיפער, אלץ העכער,
און בלויער, און ברייטער...
פון הימלען ביז פעלדער ביז ווייכע—
איין גאָלדענער לייטער.

אף העכסטן סאַפּירענעם שטאַפּל זיך ווייזט
אַ מאַלעך אַ היטער מיט שטראַלן באַקרייזט.
אַ צווייטער, אַ דריטער און איינס נאָכאנאנד,
אַ ריטל אַ זוניקס בא יעדן אין האַנט.

און פעלדער זיך ציען צו גאָלדענע שטאַפּלען
מיט וואַסערן בלויע, מיט טיפע שוואַרצאַפּלען.

פון שטאַפּל צו שטאַפּל, און שטאַנג ניט באַרירט,
מאַלאַכים אַ שורע זיך רינגלט און פירט.
אף יעטוועדן מאַלעך אַ שפּראַצלינג שוין וואַרט
אין ערדישע שויסן, אין וואַרים, אין נאַכט.

אָט האָט שוין אַ גרעזל, מיט שטראַלן באַרעגנט,
זיין מאַלעך, זיין היטער מיט ציטער באַגעגנט.

אף לאָנקעס, אף בייטן, און ערד ניט באַרירט,
די שורע מאַלאַכים זיך רינגלט און פירט.
און מאַלעך צו גרעזל, צו דעם, וואָס געהערט,
אין שטילקייט זיך בויגט און אף וואַקסן באַשווערט.

און פעלדער אַלץ פרישער, אַלץ ווייכער,
און פעלדער אַלץ מילדער,
און גראָזן אַלץ גרינער, אַלץ העכער,
געדיכטער און ווילדער...

ווען ס׳וואָלטן די ווינטן ניט בלאָזן,
ניט רוישן די רעגנס,
ניט סקריפּען די אַקסן,
דאַן וואָלט איר געהערט, ווי עס שעפּטשען די גראָזן:
„מיר וואַקסן, מיר וואַקסן!"

## פרימאָרגן.

ס׳האָט אָנגעווייט
פון שנייעלעך אַ באַרג—
אַ באַרג
פון שניי
פאַר שוועל פון נייעם הויז פון מיינעם.
און קלאָרער הימל
באפערלט
יעדן נאָדל־שטאָך
אף שניי,
אף האפט,
וואָס לופט און וואסער
(די פאַשעטסטע די קלאָרסטע נעמען
אף דער ערד)
אין שפּיל פון ווינטערדיקן טאָג
דאָ האָבן פליענדיק באשאפן.
און ס׳ווייסן זיך די ווענט פון ווען מיינעם,
און ס׳ברייטערט זיך מיין האַרץ
דורך גלאנץ דורך ווארעמען
פון מיין שווארצאפּל...
פון שנייעלעך אַ בארג

אַ בערגעלע אַ קליינס,
אַ ווייסער הויך,
אַ אָטעם פון מיין קלאָרער טיר.

און דאָרטן שטייגן זיי די בערג,
די קנייטשן פון דער ערד,
און מאַנטלען שנייאיקע זיך גליטשן פון די אקסלען.

* * *

שוואַרצע, קאַלטע, אפּגעהאַקטע שטאמען
פּאסען זיך, ווי שעפּסן, דאָרט צוזאַמען
אַפן באַרג.—

ווילט איר, ווילט איר, קאָנט איר איצט נאָך דרינגען:
ס'האָט אמאָל א פרישער וואלד געגרינט דאָ...
ס'איז מיר קאַרג, ס'איז מיר קאַרג!

ווילט איר, ווילט איר, קאָנט איר נאָך געפינען:
ס'יועט א וואלד א הויכער דאָ נאָך גרינען—
דאָס איז שיין.

מיינע קינדער וועלן דאָרט שפּאַצירן,
וועלן זיך אהין אליין שוין פירן.
איך שוין ניין, איך שוין ניין...

כ'ווייס, אַז אלץ, וואס כ'האָב דאָ אַף די ערדן,
וועט אמאָל, אמאָל פאַרגליווערט ווערן.
א, טוט באַנק.

נאָר דערווייל איז איצט מיין העלער וויסן,
ווי מיין וועלן, ווי מיין גרויס געניסן—
א געשאַנק, א געשאַנק.

* * *

אַז יעדער שפּאַן פון ערד נאָך מענטשן-בליקן בענקט!
שאָטן. מיסט. א ווינקעלע א קעלערדיקס, א שטילס,
אונטער אַן אַלטן שאַכטל פאַרשוואַרצטע קלעצער,
און אָט דאָס ביסל מיסט איז אין דער רעגע מילד,
ווי פּראַכט פון רוישנדיקע פּלעצער...

איך בין אפּסניי געוואָרן דאָ געוואוירע,
אַז יעדער שפּאַן פון ערד נאָך מענטשן-בליקן בענקט,
אַז זינגענדיקע הערשאַפט איז מיר דאָ געשענקט,
און צו דער הערשאַפט בין איך איצט געבוירן.

* * *

פון בוך „אהרון“.

דו, איינציקער איינער, אָן בילד, אָן געשטאלט
אַף שפּרייטונג פון הימלען פון זיבן,
דו האָסט מיך פאַרשאָלטן און האָסט מיך געזאַלבט
אף וואָרהאַפטע טרוימען־געוועבן!

און קוק איך און זע איך אין ערדישן טאָל,
ווי אומגעדולד שטורעמט אין דראַנגען,
און הער איך, ווי ס'קנאלן אף שייטערס אָן צאָל
אין דאָרשטן צעגליטע פאַרלאַנגען —

כוץ ערדישן אָפּבילד, כוץ גאָלדענעם קאָלב,
וואָס קאָן איך פון טרוים זיי דאָ געבן?
דו האָסט מיך פאַרשאָלטן און האָסט מיך געזאַלבט
אף וואָרהאַפטע טרוימען־געוועבן.

* * *

אויך איך פאַר וועלט פאַר דיינער קאָן ניט קניען,
ביז כ'האָב ניט פאַר מיין אויג
צוויי ליבע-בליקן מענטשלעכע, וואָס גליען
און וואַרטן אַף מיין בויג.

די העלע ערשטלינגען, פאַרוואונדעטע, באַטריבטע אויגן,
זיי שווימען דאָרט אין יאמען-ווייט,
וואו וועלטן מערן זיך פון שטערן-רויגן
אין אייביק נייעם בייט.

אָ, קום צו גיין, אָ, קום, דער בלאַט פון האַרצן
איז אָפן שוין פאַר נייעם פרייען וויי,
איך הער דיין צאַרטן טראָט שוין אין באַנאַכטן,
איך זע אין העל פון טאָג: דו געהסט.

* * *

א טאָג יאָגט נאָך דעם צווייטן,
נאַכט גייט נאַכט אַנטקעגן, —
א פאָדעם פון פרימאָרגן
וועבט זיך מיר אָן אויפהער.

איז גרינג מיר אים באַלייטן,
באַלייטן און ניט פרעגן:
וואו זיינען זיי פאַרבאָרגן
זיינע העלע סאפן?

פאַרבלענדט מיך טאָג מיט פלאַמען,
פאַרשווענקט מיך נאַכט מיט שוואַרצן—
מיט מיר, מיט מיר צוזאַמען
מיין פאָדעם אין מיין האַרצן...

* * *

ס'איז שווער צו פאַרגעסן די שאַרפע אָמאָלן,
וואָס האָבן פאַרשניטן זיך טיף אין מיין לייב,
הערן דעם רוף פון די טיפן:
פאַרהיט זיך, פאַרבלייב!

און ניט קענען קיין ווענטלעך פון פרעמדקייט צעשטעלן
און שטענדיק זיי שפירן פון פרעמדע ארומען
די שטומע באַפעלן:
פאַרענדער זיך, ענדער!

זיי גרייט,
פאַר ליבע צו אלע
צו אָפּפערן, דעמפן
דיין קינד
און דיין ווייב!

ניט גרינג איז פאַרגעסן די שאַרפע אַמאָלן,
ניט גרינג איז אף ליבע מיט ליבע ניט צאָלן.

* * *

וואָס איך האָב געפונען היינט?

איך האָב געפונען היינט
דאָס מאָל דאָס הונדערטסטע,
אַז דו, מיין פריינט, ביסט מיר געפעלן.

און זי, דיין שוועסטער-קינד,
כ׳זאָל האָבן אַזאַ יאָר,
געפעלט מיר אויך.

און איבער סאָסנעס-שפּיצן אין דער הויך
האָב איך געפונען א גערויש פון א מאָטאָר,
וואָס טרייבט א שווינדיקן פּראָפּעלער.

איך האָב געפונען היינט,—
זי גייט פאָרויס, די וועלט, און גייט,
און איבער מאָסקווע שוועבן אָפּט אַעראָפּלאַנען.

נאָר קיינער ווייסט נאָך ניט,
וואוהין אנטלויפט די פרייד,
און קומט זי אָן —
ווייסט קיינער ניט פון וואַנען.

איך האָב געפונען היינט
א קלינג פון מיין אַן אַלטן שטאָלענעם געדאַנק
אינמיטן וואַלד
אין ווילדן מאָך.

געפונען האָב איך נאָך,
אַז ספּאַס איז היינט
און שאַבעס אויך,
און פון מיין מאַמען ניט געהערט האָב איך שוין לאַנג —
„א גוטע וואָך".

* * *

פאַרלאָז די שוועל, אַרויס אין דרויסן —
הער אין שטילעניש אין גרויסער
פאַלן שנייען...

הער אין שטילעניש אין טיפער
שווייגנס פליסן, שווייגנס טריפן—
שטומע וועהען...

ווייסע גלאַנצן, קאַלטע שטראַלן
שפּינען אויס אין זייער פאַלן
נעצן טרויער.

שטעל זיך שטיל בײַם דאָרפס צוקאָפּנס,
הער ווי ס׳וואַרט אַף מענטשנס קלאַפּן
טיר און טויער...

# נעכט.

הינדען.

היינט באַנאַכט,
דורך טיפע רערן פון מיין שלאָף,
האָב איך דערזען דיך אַ פאַרוויינטע...
אף בלאוון נאכט-געוועב
געשוועבט האָט דיין געזיכט,
און טרערן שווערע,
ווי שטענדיק הויכע שטערן-ליכט,
באַגאָסן האָבן מילד
די שטילע שאָטנס
פון מיין נידעריק געמיט.

היינט באַנאַכט האָב איך דערפילט דיך
אַ פאַרוויינטע,
מיט צוגעמאכטע בליקן
גערריקט זיך
צו צאַרטער לויטערקייט
פון שטערן דיינעם,

דורך פיבערדיקע הייטלעך
געפירט
שווארצאַפּלען מיינע
אַף דיין פּאַרוויינט געזיכט,
מיט ליפּן גליענדע
געגלעט די זיסע זאַלץ
פון שוין געשטילטע טרערן,
און הארץ אין מיינע ביידע ברוסטן,
האָט הייס געשוואוירן,
אז אלץ, וואָס אונטער זון און שטערן
נאָך וויגט די קרוין פון מיינע ציטריקע פארלאנגען,
אז אלץ פון אָטעם דיינעם
אין טראָגן איז פארגאַנגען,
פון אָטעם דיינעם
איז געבוירן...

* * *

פ.

א רעמעז אַף איר... און אַף יענע,
אַף די, וואָס געווען שוין, וואָס וועלן נאָך זיין!
אין פינטלען פון וויעס דערקען איך
מיין נייע פאַרבאָרגענע שיין.

איבער ליפן פון כיין האָסט אַ פינטל,
ווי אַ סימען פון טרויב אַף אַ קינדערשער ברוסט.
איך קוק — און פאַר האַרץ מיינעם שווינדלען
די פריידן פון ערשטן גענוס.

און מיין זוכן, מיין גארן, מיין ליבן,
מיין אומרו, מיין בענקען, מיין דאָרשט —
אַף פינטל פון כיין איבער ליפן
זיך אַלע געפונען אַן אָרט.

## פון אַ בריוו.

מ.

און בין איך נאָר אָט דעם צוליב אַריינגעגאַן אַהערצו —
דעם שווארצן פענסטער צו דערציילן,
אז מיין געמיט, ווי אָטעם, פעלט שוין
דער יונגער מיטגעזאַנג פון נאָענטע פון שטילע הערצער.

איז שוין גענוג, אַז מיינע בענקענדיקע דאנקען,
ווי פריש געפאלענע, ווי קלאָרע בליטן,
צו טריט צו אייערע זיך זאלן ווייס צעשיטן,
אַז אקסלען אייערע זיי זאָלן רייך מיט דאַנק באהאנגען ווערן...

* * *

...און וואָס בין איך שולדיק, אז אָרעמס כ׳האָב ווילדע,
וואָס האָבן נאָך ליב אים, דעם אָנשטעל פון פאַנגען
באַ העלזער שוין מילדע?

און וואָס בין איך שולדיק, כ׳האָב ליפּן פארשנירטע,
וואָס צינדן דעם אָטעם פון ליפּן צעמישטע,
פון ליפּן פאַרפירטע?

און וואָס בין איך שולדיק, אז זיי, מיינע אויגן,
ווי קינדערשע ציינער, וואָס בייסן די ברוסטן—
די ברוסטן וואָס זויגן...

* * *

פון שויס פון דיינער געבן מיר אַ גרוס
פּרעמדפּעלקערישע רייכע לייבער.
(איך האָב פון זיי אַ ווייטן אויג-געניס
פון אַלטן אַמסטערדאַמער לייוונס).

נאָר קלאָרע ריינקייט, ווייך, נאָר שטרענג
פון בליקן פּאַכט מיט שטראַלן-ריטער,
און ס'בענקט מיין יונג געמיט, און בענקט
פון דיינע רייכטימער אַ ווילדער היטער.

הגידה לי שאהבה נפשי...
אם לא תדעי לך היפה בנשים...

נו, זאָג נאָר מיר, מיין פריינט,
די שיינע צווישן פרויען,
צי איז דיין מעכטיקייט אזויפיל צאַרט,
צי איז דיין צאַרטקייט אַזוי מעכטיק?
צי פריאיקע, צי אָוונטיקע זיינען דיינע טויען,
צי האָט דאָ נאַכט פאַרטאָגט,
צי האָט דאָ טאָג פאַרנעכטיקט?

נו, זאָג מיר נאָר, מיין פריינט,
די שיינע צווישן פרויען,
פון וואַנען שוועבן זיי, די העלזער־שוואַנען?
איך בעט, מיין פריינט, דו זאָלסט עס מיר פאַרטרויען,
אויב ס'איז דאָרט ערגעץ־וואו א לאַנד אַזאַ פאַראַנען...

נו, שעם זיך ניט, מיין פריינט,
די שיינע צווישן פרויען,
אויב ס'איז קיין לאַנד פאַראַן,
אויב דו ביסט איינע,
איך וויל אַף האַלז אף דיינעם
אויסגיסן מיין טרויער,
איך וויל אַף האַלז אף דיינעם
דאָס באַווייִנען.

* * *

דער מאַמעס — שוואַרצע,
דיינע—בלויע
אויגן?—
צאַרט געטאַיגעט האָט מיין האַרץ,
צאַרט צו דיר
געבויגן,
שטיל געפרעגט
און שטיל געענטפערט
זיך.
א רעגע נאָר געקוקט
אין דיין געזיכט,
קינד מיינס, קינד!
כ'וועל דעם ענטפער מוזן זאָגן אין דער הויך—

ניט איצט, אין שפעטער
ווען סטו הערן אים
דו אויך:
פאַראן נאָך בלוי,
פאַראן נאָך רו
אין ברען
פון פיבערדיקן בליק.

געדיכטקייט פון עבען
באהאַלט נאָך בלויע שיין
און דורכזיכטיקע ליכט...
און פאַר דער רעגע רו,
און פאַר דער רעגע בלויער ליכט
פון דיינע אויגן
וויל מיין הארץ
יך שטיל
פאר דיר
פאַרבויגן.

* * *

פון פענסטער קעגנאיבער
לייכט מיר לייב,
אין מויעך ערגעץ רירט זיך שטיל און גריבלט:
עס דאַרף זיין יענעם הויכן שאָכנס ווייב.

איך אָטעם שטיל
מיט בליק
פון שטילן ליכט:
ווי טאָג
נאָך נאַכט--
אזוי איז ער ניט אומדערוואַרט
מיין אומגעריכט...
אזוי איז קלאָר
די שטילע ליכט
פון לייב...
נו דרינג, מיין בליק,
און שטענדיק דרינג,
ביז דו ביסט יונג!
נו קלייב, מיין האַרץ, און קלייב,
די ליכט פון לייב!

## געבוירן.

קלאראַ'ן געשענקט.

פון אַלע דוישן אין געשטרויך פון וועלטן
איז היינט
מיין פאַנג
איין שטענדיק וואַכנדיקער „זעלטן"—
פריגעקלאַנג.
אַף דעם לעבנס יונגן רוקן
הוידעט זיך דער אַלטער ווערטער-שפּאַן.
מיין בייטש איז וואָך,—
שטאַרקע, שטייפע לייצעס
איז דאָך גרינג צו לאָזן שוואַך...
און וואָס גרעסערס,
און וואָס שענערס איז פאַראַן—
אפּדראָסניי
צו ווערן דאָ געוואוירע,
אַז פון אַלץ,
וואָס איז פאַרזאַמלט
אונטער שטערן-שילד,

אף שטאָלצן קאָפּ,
אמנייסטן שימערט דאָ
אף אלטן ווערטער-שפּאַן
דער גלאַנציקער
דער פרישער קנאָפּ
„געבוירן"!

W. Engel

* * *

צו סאָסנע-גאָלד, צו שוואַרץ פון דעמב
און צו בערעזע-קרייד
איז צוגעקומען טונקל-גרינס פון טאַנען —
און דו, מיין קינד, צו וואָסער נאָענט דאָ, צו וואָסער ווייט
ביסטו מיר צוגעשטאַנען?

דו האָסט זי אויסגעפּעלט מיין ווייטאָקדיקע מיט —
ביסט צוגעגאַנגען גלייך צו אַכט-און צוועלפיאָריקס,
און פירסט מיך פאַר אַ האַנט פון ווייטן העלן שניט,
וואו ס׳בלאָנזשעט אַלץ אין בלוילעך-קלאָרינקס.

און כ׳גיי אַפּסניי, אַ רייך באַוואָפנט קינד,
און גלייך פון דאָרט מיט ווייַן פון קינדער-קעלטער,
אַף נייעם שניט פון ווײ און ווינד,
אַף נייער בייט פון שטרייטן-פעלדער.

## װאָלקנס.

גאָס, מײַן גאָס! איך האָב אַזױנע
אױף מײַן לעבן ניט געכאָלעמט!
אין דער מיט — גרױסשטאָטיש ברױנע,
און דער ראַנד?... נו, גײ און מאָל אים!

גײ דערצײל מיט אַלטע זילבן,
װי עס דינען אין געמישן
זון מיט רױך און גאָלד מיט זילבער,
פּענזלען נאַכט מיט פרי מיט פרישן.

מיט געזאַגג פון האַרץ פון הײסן,
װאָס דערשמידט די נײַע רינגען,
מיט געזאַנג, װאָס אים נאָר װײסן
דײַנע שמאָלע לאַנגע פינגער.

* * *

דו האָסט מיר דערציילט, ווי זיי האָבן געפּרוּווירן
די פינגער, צו וואָרעם צו צאַרטער געבוירן.
דו האָסט מיר דערציילט,
און דו האָסט זיך געוואונדערט,
וואָס דו און דער בוים אָט דער שלאַנקער, איר ביידע,
אין גרינגן און יונגן אין גרינעם געקליידטע,
איצט שטייט אונטער הימל אי ליכטיק, אי מונטער.
דו האָסט מיר דערציילט, און דו האָסט זיך געוואונדערט.

מיין ווילדע, מיין מילדע,
איך ווייס קיין געוויינלעכס, איך ווייס נאָר פון ניסים,
וואָס שטראָמען אומענדלעכע, פליסן און פליסן.
איך ווייס איצטער איינס נאָר—אַף וואָרט דיינעם וואַרטן,
און דאַרטן אף פעלדער אין בלוטן, אין שלאַכטן
מיין האַס ווערט צעוואָרפן אַף אלע פיר ענדן,
מיין ווי ווערט פאַרשאָטן דורך פויסטן דורך פרעמדע,
און איך ווייס איצט איינס נאָר—אַף וואָרט דיינעם וואַרטן.

* * *

וואָס-זשע זינגט זיך איצט פון טיפן,
וואו דיין אָטעם שוועבט, ווי נעפל,
וואוהין עס ריזעלן און טריפן
יעדער ריר פון דיינע ליפן?

דאָרט אַף פלאַם פון האַרץ צעגליטן
ווערט צעהויכט שוין יעדער טראָפן,
און עס רייפט שוין אַ געוויטער
ערגעץ דאָרט אַף בּאַרגס צוקאָפּנס.

וואָס-זשע מורמלט עס דורך טונקל?
וואָס-זשע שלאָגט מיין האַרץ שוין ווערטער?
וואָס-זשע שיטן זיך שוין פונקען
פון אַ דונער, ניט געהערטן?

ס'זינגט מיין האַרץ, ווייל ס'גלויבט דורך היפל,
אז אין מויל בּאַ יונגע יאָרן
יעדער טריף פון דיינע ליפן
ווערט נאָך העלן, ווערט נאָך קלאָרן...

* * *

פון אַלע וועלדער, וואָס איך האָב געזען,
איז טונקלער טאַנגען-וואַלד געדיכטער...
ווי אומגליקלעך וואָלט איך געווען,
איך זאָל אַצינד ניט זיין קיין דיכטער.

איך זע: די לעצטע זיילן שיין
זיך האָבן טיף אין גרינס באהאַלטן
און הער דעם ערשטן אָנזאָג: ליכט זאָל זיין!
דעם ערשטן שאל פון הימל-שפאלטן.

און כ׳ווייס ניט, ווי איז דאָס געמאָלדן,
אז ס׳קאָן אַ האַרץ אַ שווערס ניט ווערן גרינג,
ווי קאָנען קעגן זיילן שיין ניט טאָן אַ קלינג
די קושן דיינע—דיינע גאָלדן...

* * *

האָסט דיווילדע פּאַטלע=צעפּלעך
וואונדערלעך אַרויף פאַרקלויבן,
און אַנטפּלעקט צוויי אויער-קעפּלעך —
יונגע טויבן!

אַף מיין האַרץ איז אָנגעשוואומען
פרישע שיין פון אַלטער צניעס.
ס'האָט דיין ווילדער בליק באַקומען
פרומע וויעס...

און דיין קאָפּ איצט האַלט געארעמט
ווילדן דאָרשט מיט שטילן גלויבן,
גלייך אַן אָדלער וואָלט געוואַרימט
יונגע טויבן!

* * *

רעדסטו—קלינגסטו ברוסטיק שווערלעך,
הער איך אָטמען פעלדער היגע,
כ'האָב אייך בײדע מילד און ערלעך
ליב געקריגן!

יעדע שאָ דאָ ווער איך ווילדער,
פּאַרכטיק שטאָלץ, ווי צאַפּן-טאַנען,
און מיט זיי כ'וואָלט לאַנגע ווינטערס
אָפּגעשטאַנען.

לאָז זיך דאָרטן צערטלען, גליען,
הויכע זון אַף בערג, אַף טאָלן,
טריט אַף שניי דאָ וועלן בליען
דײַנע שמאָלע!

און אין דײַנע אויגן-ברונעמס
יעד' אַן אנדערער אײַנגאַנצן—
טויזנט ליכטער, טויזנט זונען
וועלן טאַנצן!...

* * *

נאָך עפּל צייטיקע, ווען געל איז ראָז,
ווען שניי איז ווייך—אָט-אָט צעפּליסט—
וואָס האָט אַ צי געטאָן, נו, זאָג מיר וואָס?
צו דרויב, צו גרינס, מיט גיפט באַזיסט?

און ווער געוואָרפן האָט, נו, זאָג זשע ווער?
דער ערשטער—איך! מיט פרייד און האַס,
און ווער באצויבערט האָט מיט פרישן קער
די ביטערקייט, דאָס מעשוגאַס!

ס'איז קריג, ס'איז אונזערע—פאַרגעסן היינט,
האָסטו געזאָגט, האָסטו דערקוויקט—
אָ, עפּל ביטערע, אָ, גרינע פריינט!
אָ, לייד, אָ, פיין, אין פרייד דערשטיקט!

* * *

ס'איז שטויביק-הייס געווען אין שטאָט,
נאָר איבער וואָלקנס-שטויב און איבער רויש-רויך
האָסטו געטראָגן זיך אין בלויער הויך
און וואונדערלעך באפרישט מיין יעדן טראָט.

און, ווי אַ ריזן-קינד, מיט דיינע צאַרטע הענט
האָסטו דיין שפּילגעצייג אויף בריק געשפּרייט,—
אָט פאַלט דאָרט אַף אַ מיידל דיין מאטראָסן-העמד,
אָט בינדט דיין גאַרטל דאָרט אַ פרויען-קלייד.

און אלץ איז דיינס און ניטדיינס—טרוים און וואָר,
וואָס דו, מיין ריזן-קינד, פון אויבן שיטסט,—
און אָט פון הויך, און אָט פון נאָענט גאָר
דיין ווילדער בליק אַלץ בליצט און בליצט...

* * *

נו, דריי מיך, נו, דריי מיך נאָך ווילדער,—
כ'בין שווינדל-פריי שוין פון לאַנגאָנען;
נו, ווער האָט געשטעלט דאָ נאָך מילדער
אין האַרציקע פלאמיקע קאָנען?

נו, דריי מיך, נו, דריי מיך אלץ ווילדער,—
דיין דאָרשט איז מיר נאָענט און טייער...
וואָס הייסער דו פרואווסט אין געפילדער,—
אין שטילקייט אלץ קושסטו געטרייער.

* * *

דו ביסט פון די, וואָס דאַרף גאָר ניט באַהאַלטן,
אַז ס׳איז דאָס מענטשלעכע געזיכט אָף צוויי געשפּאַלטן.

דו ביסט פון די, וואָס דאַרף מיט זילבער-שטיק ניט קלינגען,
אַז יעדער דייַנער טראָט זאָל ווערן הויך באַזונגען.

און ניט פּאַראַט,—נאָר יעדערער פון דייַנע טויזנט רייצן
אין הייסן פּרואוו מאַרטירן קאָן און קרייצן.

* * *

גיט דיין בליק א ווילדן בלאַנק,
שלייכט דיין שמייכל אין אַ ווינקל,
כאַפּט אריין זיך הייסער באַנק,
פאַר מיין האַרץ דאָרט טוט אַ פינקל...

ווענדט זיך דאַן מיין בלייך געזיכט
צו דער שיין פון דיינע פינגער,
איידעס שלאַנקע, טרייע ליכט,
מאַכט מיין האַרץ אַביסל גרינגער!

גיט דיין ארעם זיך אַ הויב,
נו, לאָז זיין אַנטקעגן קיינעם,
נאָר מיין האַרץ עס איז באַרויבט,
גרייט איז שרייען, גרייט איז וויינען...

גרייט דורך וואַלד פון דיינע האָר
זיך צו רייסן צו דיין אויער,
דאָרט, וואו ס׳שימערט ריין און קלאָר
צאַרטער שוים פון מיין פאַרטרויען.

* * *

דאָ אַרום — אַלץ שטילע פלאַכן,
און פון בערג אַלץ גייט דיין לאַכן.
דאָרט פון הויך
מיט הויכע זונען־שטראַלן
שאלן העלע קלאַנגען-פאַלן —
דאָרט פון הויך.

זאָל איך לאָזן זיך אין ווייטן,
זאָל איך ווייט אַף ווייט פאַרבייטן —
אַלץ צו דיר.
שטייט אַ בוים מיט גרינע צווייגן —
זאָל איך קלעטערן און שטייגן
און צו דיר!

* * *

אַף אומענדלעכע ווייטן,
וואו ס'הערט זיך
דאָס שאָרכען פון אוראַלטן זיידנס
אַף לענדן אַף דיינע,

די שטענדיק באַרימטע
און דאָך אומבאַקאַנטע...
איז צו מיר היינט דערגאַנגען
דאָס פאָרכען,

דער גליאיקער אָטעם
פון פערדישע נעזלעכער ווילדע,
דאָס טופען פון טלאָען
אין רייטוואָגן דיינעם געשפּאַנטע.

און איבער די שלאַנגישע שניטן
פון אייביק־פאַרוואָרלאָזטע ריוועס,

צעשווענקט און צעשמיסן
פון טויזנטעריאָריקע שטראָמיקע בייטשן
פון פרילינג,
האָט אַ ליכטיקער רוסישער האַרבסט
מיך באַוויליקט,

און מיין האַרץ האָט דערזען,
ווי פערדישע שוימיקע גריוועס,
ווי פאָנען צעפרענזלטע שווינדלען...

* * *

פון וואַנען קומען זיי צו מיר, די טעג,

די טעג,
באַכורים יונגע, —

זיי שוועבן אָן פון גאָלד פון האַרבסט,
פון גרינס פון טאַנען-וועלדער,
וואָס רינגלען זי אַרום, די שטאָט,
דאָס פעסט-געשמידטע האַרץ
פון ברייטן צאָפן-לאַנד, פון רוסלאַנד גרויסן.

פון וואַנען קומען זיי צו מיר,
די טעג, —

באַכורים יונגע
מיט רייפן זוניקע געגאַרטלט,
מיט טונקלען קופער אף די לענדן,
וואָס צו דיין שוועל דאָ טאַנצן?

און גאָרניט שטייט צו זיי ניט צו,

און קלאַמרעס נויט,
ווי ליסקעס ליכטיקע,

פון שטאָלצע סאָסנע־שטאַמען
שיטן זיך פון זיי אַראָפּ,

און שווארצע וואָלקנס ווײ,
ווי צאַרטע שפּינוועבס־פּעדעם,
זיך ציען פון דער הויך,
און מילשטיינער פון מי,
ווי שנירלעך פּערל אויף אַ יונגן האַלז,
מיט שפּיל פרימאָרגעדיקער גלאנצן...

פון וואנען קומען זיי אַהער, די טעג,
צו מיר?

נאָר פרעגן דארף נאָר איך,
וואָס קוקט איינאויגיק דורך אַ שפּעלטל
פון ווייטסטן קעמערל דאָרט ערגעץ טיף...

נאָר זיי,
די טעג,

זיי שוועבן אָן פון גלאַנץ פון האַרבסט,
אין ריי אין ליכטיקער זיך שטעלן
פאר דיין שוועל,

און יעדער וואַרט,
דו זאלסט מיט טונקלען וואונק
פון דיינע אורהאַפּטיקע בליקן
דערלויבן

פאר דיין א נאכט,
פאַר דריי אַשמוירעס גלי
בא דיינע שלאנקע קני,
דו זאָלסט דערלויבן
אַוועקלייגן די שטאָלצע קעפּ,

וואָס טראָגן אָפּ
דעם לעצטן קוש
פון דײַנע מידע ליפּן,
דעם לעצטן דופטן־ווינט
פון דײַנע אָפּגעהאַקטע צעפּ —
אַוועקלייגן די שטאָלצע קעפּ
אַף רויטע עשאַפאָטן פון פרימאָרגן...

און יעדער ענדע־נאַכט,
ווען ס׳טריפט דאָס שוואַרצע בלוט
פון לעצטן טאָג
און מישט זיך דאָרט
מיט ערשטן פלאַמען־רויט אין מיזרעך־זײַט,
דער צווייטער טאָג, —
ער שטייט שוין דאָ,

ער קלאַפּט שוין אין דײַן טיר
מיט פינגער שטייפע.

הערשערין,
אויך מיר איצט ניט פאַרזאָג,

איך בין נאָך צײַטיקער,
נאָך רײַפער...

כ׳בין מיט אַ טאָג,
מיט גאַנצער לענג
פון יענעם טויטן טאָג
בין איך פון אים נאָך רײַפער...

הערשערין,
אויך מיר איצט ניט פאַרזאָג!

* * *

איינס איז רונדלעך קלאָר,
דאָס צווייטע — איילבירטיק צעצויגן, —
כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען
אַזאַ גלייכע פּאָר אויגן.

מעגנגען ליב איך איצט,
נאָר אַלץ, וואָס שטייגט אין בליען
אף מיין וועזן, רעגנט, בליצט
דורך דער נעץ פון דיינע וויעס...

בלאָנזשעט אום מיין דאָרשטיק האַרץ,
שפּרייט און זוכט מיט בלינדע אָרעמס,
נאָר מיין וועזן רוט און וואַרט —
דיינע אויגן דאָרטן קלאָרן.

* * *

איך ווייס ניט, ווער האָט אונז געטריבן,
און ווער האָט געוואָלט אונז דאָ פאַנגען —
אַ זיידענע שטריק איז געבליבן
אַף האלז בא אונז ביידע צעהאנגען.

און ליג איך אין רו־וויג אין קלאָרער,
און לויף איך אין ווילדע געוועסן,
איך הער אים דעם רייך פון דיין אָרעם,
פון זיידענעם פאָדעם פון יעדן.

און דו, א, מיין ווילדע, כ׳בין זיכער,
דו וועסט זיך פון שלייף ניט באַפרייען,
אין ווייטערער רו און אין וויכער
וועסט טראָגן די שטריק, ווי אַדאַיעם.

* * *

איך בין נאָך גערעכט...

איך קאָן נאָך
אין מיטן פון טאָג,
ווען ס׳דערגרייכט
דער גערויש פון דער שטאָט
ביז דעם אויבערשטן שטאָק,
ביז דעם פענסטער
דעם הויכן,
וואָס מיין שטורעם באוואוינט, —

איך קאָן נאָך
אין מיטן פון טאָג
אַף דיין גרינעם דיוואַן,
וואו מיט טויזנטער פליגל
מיין אומרו שוועבט אום,
וואו מיין הייליקער אייפער,
וואו מיין האס ברייט צעגיסט
און טריפט איין וויטריאל,
און עסט אויס
און סאמט אויס

יעדן שפּור,
וואו א מאן דאָ ביז מיר איז געזעסן,—

אף דיין גרינעם דיוואַן
איז פאר מיר נאָך א רו־אָרט פאראַן.

אין מיטן פון טאָג
אף דיין גרינעם דיוואַן
א רואיקע רעגע כ׳פארמאָג:

פון מיין ווייטן, מיין קינדערשן וויגל
קומט אָן
דער שלאָף, —
און בא רויש
און בא העל
און אין מיטן פון טאָג
וויקלט אָפּ פון מיין זעל
מיין פיליאָריקע גאָב,
מיין פיליאָריקע שטראָף;
און מיין קינדערשער שלאָף
פון אומשולד פון זויבערן הארצן
מיט מיין אָטעם שטייגט אויף,
ריזלט שטיל
פון מיין שארפן פאראקשנטן קין
ביז די גריבער די בלויע פון אויגן,
ביז דער דעק,
וואָס דאס גרינס פון מיין שטעכיקן בליק האָט פארצויגן...
איך בין נאָך געגרעכט,
כ׳פאַרמאָג זיי גאר שלאָפלאָזע נעכט,
און אינזלען פון רו,

און וועלדער, וואו קינדהייט וואו מיינע
שטיל האָט געשפּאנט.

* * *

א, די נעכט,
ווען אין רייען זיך שטעלן אפסניי,
ווען עס גייען אפסניי אין געפעכט
די פאַרהוילענע קריגערס אין מיר,
און יעדער פוןביידע אנטקעגנס
מיט בעטנדע בליקן מיר ווינקט:
פאַר דיר!
פאר דיר!
... אין מיטן פון נאכט
שוועבסטו ווידער אַרויס אין דער מיט
איבער פעלדער פון שלאַכט,
איבער פעלדער פון שווערן געמיט.
און די קריגערס אין מיר,
און די קריגערס פאר מיר —
זיי וואַרטן אף מינדסטן, אף איינציקן ריר,
אף דיינעם אַ ריר.

* * *

איז דען ניט מיט ערשטן שניי
גאָר די וועלט באַהאַנגען ?
איז דען מער, ווי מענטשן צוויי,
דאָ אַמאל געגאַנגען ?..

איז דען דאָ אױף גאָרער וועלט
עפּעס נאָך כוץ קלאָרהייט ?
וואָס איז דאָ אין קלאָרער קעלט
אויסער ווייסער וואָרהייט ?

אויב עס האָט דאָ ווער געלעבט,
איז אָט דאָ געגאַנגען,
האָט ער דען וואָס מער געוועבט
כוץ די שטילע קלאַנגען ?

האָב איך דאָרטן ערגעץ-וואו
ווײ און ווינד געשניטן—
וואס זשע זע איך אויסער רו ?
אויסער ווייסע בליטן ?

* * *

פאר דער רעגע
דער שטורעמדיק שטילער,
וואָס קאָנט איר מיר שענקען,
וואָס קאָנט איר מיר געבן פאַר איר...
פאר דער רעגע
דער שטורעמדיק שטילער
וואס קומט נאך צו מיר —
וואָס קאָנט איר מיר אַלע,
וואס קאָנט איר מיר שענקען,
וואָס קאָנט איר מיר געבן פאַר איר?..

## א שלאקסרעגן אין שטאָט בערלין

אַ שלאקסרעגן אין שטאט בערלין,
ווען אומעטום אף רײנע גאסן איז שוין גרין,
איז שיין, ווי אומעטום.

אין מיין צעטראָגנקייט
האָב איך גענומען זיך אַ צימער אונטערן דאַך
ס׳האָט עמיצער געלאכט —
ווען כ׳האָב איצט צייט,
וואָלט איך געלאכט פון אים,
נאָר כ׳האָב אַסאַך, אַסאַך
צו טון
צו הערן און צו זען.
עפּעס טוט זיך דאָ אַרום
אַ גרויסע, גרויסע זאַך
ביליאָנען טראָפּנס
קלאַפּן
קלאַפּן
אַף מיין דאַך
די וואָלקנס גייען נידעריק און שווער
און בליצן שטרענגען אָן מיין ווען

און גרייטן מיין געהער:
טראַך!
אף מענטשן-שפּראַך
איז דאָס די קלאַנגען-צייכנס פאַר אַ דונער
איך זיץ
און פיל
און טראַכט:

אין פונקט אַזאַ פאַרהעלטעניש,
ווי אָט די קלאַנגען פון דעם אויסרוף-טראַך
צום דונערדיקן קנאַלן איבערן שטאָט:
איבער הייזער,
שלעסער,
הויפן,
גערטנער,
פּלעצער,
ווערקן,
בריקן,
פאסן טייך—
אין פונקט אַזאַ פאַרהעלטעניש
איז די שטאָט אַליין:

דאָס גאַנצע טון
דאָס גאַנצע גיין,
לויפן
דאָס גאַנצע הויבן
מיט די וואונדער-שיינע קראנען,
דאָס גאַנצע שיינע שנעלע שפּאנען
מיט שיפן אָפן טייך
מיט באַנען
אָף דר'ערד

און „אונטער דר'ערד"
(ווי לייכט זיך געגזן-פיסלעך שטעלן)
אַלץ, אַלץ,
וואָס ווערט באַצייכנט מיט באַגריפן
„באַקומען" און „ערוואָרבן" —
אין פּונקט אַזאַ פאַרהעלטעניש
איז דאָס אַלץ
צו דעם,
וואָס גייט אַליין,
וואָס שיט זיך דאָרט
אַליין,
אַליין
פון גאָלדענע, פאַרוואָלקנטע
און קנאַלנדיקע קאָרבן

איך זיץ
איך וואַרט אַפן צענטן בליץ

איך פיל דעם טיפן זין
פון שטילן רוען מיינעם

אין מויעך
צי אין האַרצן
(זיי זיינען ביידע ענג פאַרבונדן איצט),
שלייכט זיך דורך
אַ זעאונג —
אַ געדאַנק:

אין אינדיע,
אין ניטגעזעענעם
אין וואונדערלעכן לאַנד

פאַראַן איז אַזאַ טייך
מיטן שיינעם נאָמען „גאנג״
און מענטשן האָבן דאָרט באגריפן
דעם טיפן זין
פון ליידן און זיך ניט ווערן
און פון באוואונדערן
דעם טיפן זין —
זיי בלייבן אָן באַוועגונג
ביז צווייגן
פעסט באַפלעכטן זייער לייב...

נאָר דאָ
אין שטאָט בערלין
בא שפרע דעם טייך
מיין הערן האָט זיין זין
אין דעם —
און נאָר אין דעם, —
וואָס אַלע מיינע פריינט
אָט דאָ, אָט דאָרט,
וואָס אלע די, וואס זיינען היינט
באם דניעפּ (ווי בענק איך שוין אַהין)
באַ מאָסקווע-טייך
באם גרויסן הודסאָן
און שפּעטער,
שפּעטער
אלע די אַף קיילעכדיקן ערדישן באַראַט,
וואָס ליבן אונזער שפּראַך,
אונזער שעמעוודיקן
אין שטילקייט ווילד און שטאָלץ פאַרשייטן אידיש,
אז אַלע, אלע נידערגעשלאָגענע און מידע
וועלן פריילעך זיך דערוויסן,

ווי ס'האָט אַ שלאַקס־רעגן
געשמאַק געשמיסן
אַ גרויסע אַלטע שטאָט—

דורך מיינע שורעס
וועלן זיי דערזעען,
ווי שיין אַ שלאַקס־רעגן באַפאַלט
אַן אַלטע,
אַלטע
שטאָט בערלין,
באַפאַלט
און האַלזט,
און שטיקט,
און באָדט,
און שווענקט,
און מאַכט זיי גראָ
די ריינע גאַסן,
וואָס זיינען אומעטום
שוין גרין
און גרין

אַ שלאַקס־רעגן אין שטאָט בערלין.

## אין טאָג, ווען די פראַנצויזן האָבן פאַרנומען רור

איך ווייס ניט,
צי האָב איך געבראַכט עס פון יענעם פון שנייאיקן לאַנד,
צי איז דאָס דערפאַר, וואָס מיין נאָענטע גאַס
טראָגט דעם נאָמען פון קאַנט *)
צי איז דאָס דערפאַר,
וואָס אַ זויבערער האָב איך זיך פרי היינט געבאָדן
צי עפשער דערפאַר גאָר
(כ׳האָב מוירע עס איז גאָר דערפאַר),
וואָס צייטונגען האָבן געהאַט היינט אַ קעפל:
Haut den Juden
נאָר ס׳האָט מיך א מעכטיקער שטראָם פון ראַכמאָנעס און ליבע
צו גאַסן, צו הייזער, צו מענטשן און רעדער געטריבן.

דעם לאָקאָמאָטיוו פון דער שטאָט-באַן
דורך פענסטער געוואָלט האָט זיך גלעטן
און קושן די אויגן פון שטוב-מעדכען גוסטע,
וואָס ווייסט א פּאָר שורעס פון געטע
און אַלע און אַלע זיי טרייסטן און בענטשן
די 90% פון דער מענטשהייט,

*) קאַנט — אַ דייטשישער דענקער

וואָס גייען נאָך באָרוועס און נאַקעט,
וואָס קאָנען אין בעסטן לאָמבארד ניט פארזעצן
אַפּילע קיין אַלטע פּאָר הויזן...

(אז 90%—דאָס האב איך געליינט באַ וואָלטערן) *)

— אין זייט זיי א מאקע —
די קלוגע פראַנצויזן...

*) וואלטער—א פראנצויזישער דענקער

# ע ג ו ל *)

(רחמנא לבא בעי)

אף מאַכן א הייליקן עגול
גענוג איז א פשוט צווייגל,
וויכטיק איז נאָר די כונה...

גרינג איז דאָ פרישינקע צווייגלעך צו קריגן,
גרינג איז באַטאָג דאָ צו שווייגן
(באנאכט איז מיר גרינגער צו שלאָפן)
און זון איז דאָ הויפנס פאראנען
און אַלע פיר זייטן פון וועלט זיינען אָפן —
פון איין זייט אַ זעע, וואָס פירט אין אַ צווייטן
און ווייטער צום ים
דערצו איז האלב ניסן
ווי אַן אויג איז זי פול די לבנה...

אַ הארץ, וואָס איז ציטריק און גלויביק
האָט ליב צו באשווערן...

*) איגול: א קרייז.

מאך איך אַ עגול—
צו הייליקע פריידן מיין הייסע כונה
די פריידן, וואָס זיינען געשענקט מיר פון יוגנט,
די פריידן, וואָס זיינען פאַרגרייט
פאַר מיליאָנען
און טראָגן זיי דארפן יחידים:
אין נאָמען פון אָטאָ די פריידן
זאָג איך מיין הארצן מיין מידן:
הויב אָנעט.

די שבועה די ערשטע
דער אייזערנער קאמער פון דענקענדן מוח

דיין זאַך איז—זיין ניכטער,
יעדערער האָט זיין בארוף אונטער הימל,
פאַרגעס אָבער אויך ניט,
דו ביסט אַ לאמטערן—
ניט מער—
פאַר אַ הארץ פון אַ דיכטער.

דערמאן זיך:
דו האָסט זיך געפּלאנטערט אין ערשטע באגריפן
און ווייך נאָך, ווי בלעטלעך אין פסח
אין אונזערע ערדישע ברייטן
געווען זיינען ווענטעלעך דיינע,
דערמאן זיך
ווי ברייט און ווי טיף איז געווען שוין
די בענקשאַפט פון קינדערשן האַרצן
ווי פעסט און דערהויבן
געווען איז דער קינדערשער גלויבן...

דערפאַר נאָר באַשערט איז מיר דאָ צו געניסן
פון יענע פאַרבאַרגענע פריידן,
דערפאַר, וואָס כ׳האָב שטענדיק געקאַנט דיך פאַרשליסן
דו, אייזערנע קאַמער פון דענקען!

מיט גבורה מיט יונגער
דאָס גלויביקע האַרץ צו פאַרוואַרפן
אויף דערנער און שטויבן
אויף שפיץ פון רואינען,
וואָס פאַר אונזערע אויגן דאָ ווערן

מיט אָרעמס מיט ביידע
עס געבן אַ שליידער,
ווי אַ פאָספאָרנעם קנויל,
אין דעם ווילדן געשטרויך
אויף שייטערס,
וואָס נעמען זיך ברענען...

כ׳האָב געוואָגט דאָס צו קענען!

ווייטאָקדיק איז ער
דער גלויבן אין נסים!

ווייל איז פאַרגרייט
פאַר ציטעריקע גלויביקע הערצער...

פאַרגרייט איז אויך פרייד...
צו הייליקע פריידן—מיין הייסע כונה,
אין נאָמען פון פריידן,
וואָס זיינען פאַרגרייט פאַר מיליאָנען
און טראָגן זיי דאַרפן יחידים

נעם איך דיך,
אייזערנע קאמער פון דענקען!
באשווערן:

געדענק,
דו ביסט אַ לאמטערן—
ניט מער—
פאַר מיין ציטריקן הארצן, מיין מידן...

* * *

גיי איך אַרום אַ פארשטויסענער,
גיי איך אַרום.
נאָענט און נאָענט און דרויסנדיק,
הערנדיק שטום.

זיגן די פיינט מיינע, זיגן זיי,
זיגן זיי לייכט,
גיי איך דער ערשטער אנטקעגן זיי,
לאַך איך און קייך.

קומט ער, דער זיג, צו מיר בעטן זיך,
קומט ער אַליין,
לויף איך, אנטלויף—וואו רעטן זיך,
כ׳זיג מיט געוויין...

1924.

## א

## מאַמע.

די זעלבע פעלדער:
פון דעם קינד, וואָס האָט אַמאָל געקוקט אַף זיי,
בין איך גרעסער —
מיין מאַמע איז קלענער און עלטער געווארן...
פאר מיר איז אלץ קלאָרער —
פון מיר איז זי מילדער און בעסער.
און טיפער פון מיינע שורעס
זיינען די קנייטשן פון איר טיכל,
און כ'שעם זיך בא איר פרעגן,
צי ווייסט זי פון איינעם א ביכל:
„בא וועגן״?

ב

## ט אַ ט ע.

אָט דאָרטן, אָט דאָרטן אויף אונזער קלוימערשט אייגן פעלד
האָב איך זיך קעגן אים מיט פויסטן געשטעלט
און כ׳ווייס ניט אויך אצינדער
(ניטאָ זיך, וואס צו שעמען)
ווער ס׳איז שטאַרקער פון אונזביידן —
ערשט פאראיארן האָט ער מיר געזאָגט:
וועסטו מיך ניט נעמען אין דיין גאַניידן!..

ג.

## א שוועסטערל.

א קינד פון בערג
אף ווילדע, שטילע פלאַכן,
וואָס פאר א קויאַך
האָט פלוצים דערוואַכט
אין ציטעריקע, אזוי ווייט געיאָגטע געבלוטן.

זי איז אלט געווען פערצן יאָר,
געקומען אין שטאָט,
פון דארפישן וואָגן אריין אין טראַמוואי,
דערפאָרן ביז רווישיקסטן פלאץ
און ארויס מיט די בארוועסע פיס אף שטיין און אַספאַלט!

און צעפירט מיט די הענט:
„נו איז וואָס? א שטוב אף א שטוב?
איז צען, איז פופצן גאָרנס?“
און פלוצים דערגעבן:
בערג וויל איך זען!...

א קינד פון בערג
אף ווילדע, שטילע פלאכן...
דערפאר אָרט מיך ניט, אז מע וואָרנט.
דערפאר הער איך ניט, אז מע לאַכט...

ד

## סיאָמען.

הײַנטיקן פרילינג איז דיר געוואָרן אַכט,
צעשײדט זײַנען מיר געווען א יאָר צוויי.
איך האב א מאַמע, דו — ניט.
כ׳האב אזויפיל מאָל מיט ווילדע טופּענדיקע טריט
געטראָטן דײַן פֿײַנלעכן שטאָלצן געשריי...
און וואס איז קעגן דעם, קעגן אלץ:
מײַן איצטיקער וויי,
מײַן עלנטע בערלינער נאכט,
בא יעדן נויג
דער גרויל...
די זאלץ
פון אויג,
וואָס רינט
צו שניט
פון מויל?...

א

ווייזט אויס, זיי זיינגען נאָך גויטיק אַזוינע
אַט דאָ אף דער בלוטיקער ערד,
וואו שפּילעוודיק סוידען זיך קרוינען,
ווען ווארצלען ראַנגלען זיך שווער.

קאַיאָר, דער הימל זיך רויטלט,
עס פייפט און רופט אַ פאַבריק,
און איך האָב פאַרדינט שוין מיין ברויט דאָ
און איך האָב פאַרדינט שוין מיין גליק.

כ׳האָב נעכטן מיט ווערטער געפּייניקט
צוויי טעמפּע צעפרידענע קנעכט,
און הויכער, זויבערער טאַינעג
מיין האַרץ נאָך איצט באַפלעכט.

כ׳בין דער, וואָס קאָן ניט פאַרטויבן
אומזיסטיקן ציטער פון האַרצן,
ווען ס׳פלאַצן פון פייער די שויבן,
די שויבן זיך ברעכן פון שוואַרצקייט.

כ׳האָב איין איינציקן פיינט אונטער שטערן—
צעפרידענע טעמפקייט פון קנעכט,—
דעם גרויזאַמען האַר פון צעשטערן
שענק איך מיט ליבע די רעכט.

ב

1924—1914

איר האָט דאָך געשוויבלט, געגריבלט
בא בלוטיקע טייכן, באַ פלאַמיקע רוימען...
וואָס איז אייך אין ייטער פאַרבליבן,
איר שטענדיק געשיקטע פאַרשוינען?

דער זעלביקער שמייכל דער קרומער
אף טעמפע פילשפּראכיקע ליפּן.
דער צאַר דער אַלטער, דער שטומער,
דער צאַר דער אלטער געבליבן.

וואו איז ער, דער אומשולד דער ריינער?
וואו זיינען די הייליקע העלדן?
איר ווייסט דאָך ניט, וואו זיי באַוויינען,
איר ווייסט דאָך ניט, ווי פון זיי מעלדן.

באַ פעדערן האָט איר געלערנט
זיך קלעפּן צו האָריקע מאַנטלען,
נאָר בעזעמער—ווינטן אייך קערן
און טרייבן פון קאנטן אין קאנטן...

. . . . . . . . . . . . . . . .

ג

י. ענגעל׳ן

צי קאָן דען אַנדערש זיין?
צי ווינקט דען ניט אַ שוועל
צו דעם, וואָס האָט ביז האַלבן טאָג
אַף אייגן פעלד
געשפּאַנט,
געגאָסן הייסן שווייס
אַף ברייט און ברייט?...
און אויב ס׳איז מיר באַשערט:
און ס׳איז מיין ערד, מיין פעלד
א וועלט די גרויס,
אַ וועלט די ברייט,
און ס׳איז מיין האַלבער טאָג,
ווי גאָטס צוויי לאַנגע טעג די לענג...
און ניט געאַקערט, ניט געזייט —
געגאַנגען שלינג און שלאַנג...
און ניט קיין שווייס —
נאָר בלוט-געטראַנק

געגאָסן רייך
אף בייט און בייט...
צי קאָן דען אַנדערש זיין?
וועט זיין מיין שוועל
אין מיט פון ערד, פון וועלט!
וועט זיין מיין הויז
אַ וועלט די ברייט,
אַ וועלט די גרויס!...

ד

ד. ס. ש.

פאַר שטאַרקע און פעסטע צעמענטן
באַדאַרף מען וואָס דינערע שטויבן.
כ׳האָב געהאט אַ בראָכע אף שווענדן,
איך האָב אַ בראָכע אַף קלויבן.

איר ווערטער, איר אידישע ווערטער
פון עקן פון גאָר דער ערד,
דאָס פאָכן פון שטייגנדע הערצער
דורך אייך האָב איך דערהערט.

ס׳האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע קויכעס פון צווישן,
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן און וואַרטן אַף מישן.

איר ווערטער, ווייכע און צאַרטע,
ווערט שוין קלאָר און פראָסט,

פון שטאָל פון דאמעסעק די האַרטקייט,
די שטייפקייט פון רוסישן פראָסט.

ווי נעמען פון טייערע היימען
זאָלן קלינגען די אַלטע וואוהינען,
ס׳זאָלן רופן ווי טורעמס די זאמדן, די ליימען,
ווי פאָנען זאָלן רופן רואינען.

ס׳האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע קויכעס פון צווישן,
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן און וואַרטן אַף מישן.

1

ליבע צו דעם, וואָס גייט אויף,
מיטלייד צו דעם, וואָס פֿאַרגייט—
ס׳איז ענג איין געמיט פֿאַר אייך ביידן.

יעדערע ברויכט איר געוואלט,
יעדערע צערט איר און שפּאלט—
ס׳אַ ליכטיקער מוז אייך צעשיידן.

גיב איך דיר, ליבע, די האַנט:
נעם מיך און פֿיר מיך געשפּאַנט —
כ׳שליס מיט פֿארטרויאונג די אויגן.

ס׳האָט אָזאַ טעווע דער קאָפּ:
בליקן פֿון מענגען אים ציען אַראָפּ
זיך ערלעך און וואָגיק פֿארנויגן.

2

ס׳איז דורך אַ זונענגאַנג:
אַ זומער און א ווינטער און אַ פרילינג און אַ האַרבסט
ון ווידער, ווידער פלייצט אף מיר דיין גרויע גרויסקייט
און ווידער פול מיט מיטלייד און מיט מיטפרייד איז מיין האַרץ.

ערגעץ ווייט פארגייען זיי, די ווייען, די פארדראָסן,
פארשעמטע, טיף פארנויגן זיך די אוראלטע פארלאנגען,
און אַ קלאָרע ליכטיקייט איז אויסגעגאָסן
איבער אלע, איבער דיינע ווירבלענדיקע דראנגען...

אַ קאָל אַ שטרענגער מונטערט ווידער:
איינמאָל, איינמאָל פאלט אויס אזא אַצינד,
קעדאי איז וועגן דעם צו קריצן לידער
פאר קינדערס קינדערס קינד.

קעדאַי זיך אָנקניפן אין יעדן פיצל שטריקל,
וואָס באָמבלט זיך אף דיין פארשווייסטן שפּאַן,
אין יעדן קנאַל פון בייטש דערזען אַ פּאָך פון פליגל:
פאראן נאָך פרייד, פּאַראַן!...

3

ס׳איז האַרבסט. אַ זיי־געזונט—אַ קלאָרער טאָג...
ווי יעדער בוים, ווי יעדער וואַנדער־פויגל, פילט דאָס לייב
דעם ווייַ פון מינערונג, דעם ווייַ פון לעצטן טרייב,
נאָר אויך די גרויסע פרייד פון מענטש, וואָס אַלץ פאַרמאָגט.

פון מענטש פון דרייסטן לאַנד—דעם איינציקן אַף ערדן,
וואו יעדער פּיין ווערט טויזנטמאָל באַרעכטיקט,
וואו זיס איז זייען ברויט און שלייפן שווערדן,
וואו אומעט טאָגט ניט דאָרטן, וואו ער נעכטיקט.

אָ, ניין, כ׳האָב ניט פאַרלאָרן זי, די פרייד די טיפע,
די פרייד פון ערשטן זיין, די פרייד פונם זיין אליין.
פון לייב די פרייד, די פרייד פון בלוט, וואָס אין מיר טריפט,
די פרייד פון אייגענעם געביין.

נאָר כ׳האָב פאַרמערט פילפאַכיק אָט די פרייד,
כ׳האָב פריידן טויזנטער דערמיט געוואונען,
וואָס כ׳בין פאַרקניפּט צום גאנצן לעבנס־שפּאַן, וואָס גייט,
און כ׳קאָן אזויפיל טריט, דעם גאנצן גאַנג באַזינען

4

דער האַר פון גרויסן לאַנד,—
ער מעג עס און ער קאָן עס:
דער אויסוואל פון קארבאָנעס—
בא אים אַליין אין האַנט.

ניט זין, נאָר בניי-יעכידים
דאָ פאַר קארבאָנעס טויגן—
און לאָמיר רייען שמידן,
און שטרענג און שטיל זיך נויגן,

און אויפהויבן די האַנט,
און טרייהייט מוטיק שווערן—
דעם האַר פון גרויסן לאַנד
צו פאָלגן, צו געהערן...

.1926

# אינהאלט

## אַף ליכטיקע רואינען



## וואָס איך האָב געפונען היינט

VARIA



JNTIMIA



## 4×2 לידער